בעזהשי"ת

# קוּנְטְרֵס

# רֹאשׁ הַשָּׁנָה בַּיי צַדִיקִים

עֶס אִיז מְחַזֵק אִידִישֶׁע טֶעכְטֶער זַיי זָאלְן נִישְׁט שְׁטֶערְן זֵייעֶרֶע מֶענֶער צוּ פָּארְן אוֹיף רֹאשׁ הַשָּׁנָה צוּ צַדִיקִים וּבִפְרַט אוֹיבּ זַיי זֶענֶען זוֹכֶה צוּ פָּארְן צוּם הֵיילִיגְן קִיבּוּץ אִין אוּמַאן אוֹיף רֹאשׁ הַשָּׁנָה.

עֶס אִיז מַסְבִּיר דִי גְרוֹיסֶע זְכוּת פוּן דֶעם וָואס אִיז זוֹכֶה צוּ זַיין אוֹיף רֹאשׁ הַשָּׁנָה בַּיי צַדִיקִים בִּכְלָל אוּן בַּיים קִיבּוּץ פוּן בְּרֶסְלְבֶער חֲסִידִים בִּפְרַט.

**גֶעשְׁרִיבְּן גֶעוָוארְן דוּרְך הָרַב הַגָאוֹן הַצַדִיק, עַמוּד הָאֱמוּנָה, וָואס בְּרֶענְגְט אַרַיין דִי הֵיילִיגֶע אוּן רֵיינֶע אֱמוּנָה אִין דִי גַאנְצֶע וֶועלְט**

## כְּבוֹד קְדוּשַׁת מָרָן מוֹהֲרָא"ש זי"ע

**גֶעבּוֹיעֶט אוֹיף דִי וֶוערְטֶער פוּן הֵיילִיגְן רֶבִּין, אֲדוֹנֵנוּ, מוֹרֵינוּ וְרַבֵּינוּ**

## רַבִּי נַחְמָן מִבְּרֶסְלֶב, זְכוּתוֹ יָגֵן עָלֵינוּ

**אוּן אוֹיף דִי וֶוערְטֶער פוּן זַיין תַּלְמִיד, מוֹרֵינוּ הַגָאוֹן הַקָדוֹשׁ**

## רַבִּי נָתָן מִבְּרֶסְלֶב, זְכוּתוֹ יָגֵן עָלֵינוּ

עֶס אִיז גֶעבְּרֶענְגְט גֶעוָוארְן צוּם דְרוּק
דוּרְךְ חֲסִידֵי בְּרֶסְלֶב - עיה"ק יְרוּשָׁלַיִם תובב"א

# רֹאשׁ הַשָּׁנָה בַּיי צַדִּיקִים

## א.

### טַייעֶרֶע אִידִישֶׁע פְרוֹיעֶן שֶׁיִחְיוּ!

אִין דִי אִיצְטִיגֶע טֶעג, וֶוען עֶס דֶערְנֶענְטֶערְט זִיךְ דֶער הֵיילִיגֶער אוּן פָּארְכְטִיגֶער "רֹאשׁ הַשָּׁנָה" וָואס אִין דֶעם טָאג מִשְׁפָּט מֶען דִי גַאנְצֶע וֶועלְט, וִוי חַזַ"ל זָאגְן (רֹאשׁ הַשָּׁנָה דַף ח' ע"ב), אַז רֹאשׁ הַשָּׁנָה אִיז מֶען דַן וָואס וֶועט פַּאסִירְן אַ גַאנְצְן יָאר. אוֹיךְ זָאגְן חַזַ"ל (רֹאשׁ הַשָּׁנָה ל"ד ע"א) אַז דֶער דִין וֶוערְט נִגְזָר רֹאשׁ הַשָּׁנָה אוּן עֶס וֶוערְט גֶעזִיגֶעלְט יוֹם כִּיפּוּר, דִי גַאנְצֶע פַּרְנָסָה אוּן אַלֶע בַּאדֶערְפֶענִישְׁן וָואס דֶער מֶענְטְשׁ זָאל בַּאקוּמֶען, אוּן וָואס

עֶס זָאל אִים פֶּעלְן וֶועט בַּאשְׁטִימְט אִין דֶער טָאג (בָּבָא בַּתְרָא י׳ ע״א). אִין דֶעם טָאג וֶוערְט יֶעדֶער גֶעמִשְׁפָּט אָן קַיין אוֹיסְנַאם, מֶען גֵייט אַרִיבֶּער פַּארְן אֵייבֶּערְשְׁטְן, אֵיינְצִיגְוֵוייז, וִוי שָׁאף פַּארְן פַּאסְטוּךְ (רֹאשׁ הַשָּׁנָה ט״ז ע״א). וֶוער וֶוערְט דֶען נִישְׁט גֶעמִשְׁפָּט אִין דֶעם טָאג, אַלֶע בַּאשֶׁעפֶענִישְׁן אוּן אַלֶע זֵייעֶרֶע מַעֲשִׂים קוּמֶען אָן צוּם אֵייבֶּערְשְׁטְן.

דֶערִיבֶּער פִּירְן זִיךְ עֶרְלִיכֶע אִידְן צוּ פָּארְן אוֹיף רֹאשׁ הַשָּׁנָה צוּ צַדִיקִים. וַוייל אַזוֹי וִוי בְּגַשְׁמִיוּת, וֶוען אֵיינֶער וֶוערְט גֶערוּפְן אִין גֶערִיכְט, עֶס הֶענְגְט אוֹיף אִים אַ שְׁוֶוערֶער פְּסַק, צוּ מִיתָה חַס וְשָׁלוֹם, אָדֶער אַפִילוּ אַ לַאנְגֶע תְּפִיסָה טֶערְמִין, אוּן עֶר וֵוייסְט אַז עֶר גֵייט דָארְט וֶוערְן שְׁטַארְק גֶעפַּיינִיגְט, אִיז זֶעלְבְּסְט פַארְשְׁטֶענְדְלִיךְ אַז דֶער מֶענְטְשׁ גֵייט נִישְׁט רוּעֶן, עֶר לוֹיפְט אַרוּם אוּן זוּכְט זִיךְ דִי גְרֶעסְטֶע אַדְוָואקַאטְן וָואס נָאר מֶעגְלִיךְ. עֶס עֶקְזִיסְטִירְט נִישְׁט קַיין זַאךְ וָואס זָאל אִים אָפְּהַאלְטְן, זַיין גַאנְץ פַּארְמֶעגְן וֶועט עֶר אַוֶועקְגֶעבְּן צוּ דִינְגֶען דֶעם גְרֶעסְטְן לָאיֶער, וָואס וֶועט אִים רַאטֶעוֶוען פוּן דֶעם

שְׁוֶוערְן מִשְׁפָּט; און ווי מֶער מֶען דֶערְשְׁרֶעקְט אִים דֶערְצֵיילְנְדִיג די שְׁוֶוערֶע פֵּיינִיגוּנְגֶען און צָרות אִין די בִּיטֶערֶע תְּפִיסוֹת, אַלְץ מֶער לוֹיפְט עֶר אַרוּם זוּכֶענְדִיג אַ גְרֶעסֶערְן און בֶּעסֶערְן אַדְוָואקַאט, וָואס קֶען אִים רַאטֶעוֶוען דֶערְפוּן, ווי דֶער פָּסוּק זָאגְט (אִיּוֹב ב, ד) "וְכֹל אֲשֶׁר לָאִישׁ יִתֵּן בְּעַד נַפְשׁוֹ", אַלְץ וָואס דֶער מֶענְטְשׁ פַארְמָאגְט, גִיט עֶר אַוֶועק זִיךְ צוּ רַאטֶעוֶוען.

דָאס זֶעלְבֶּע פַּאסִירְט אוֹיב חַס וְשָׁלוֹם אַ מֶענְטְשׁ וֶוערְט גֶעוואוֹיר אַז עֶר אִיז נִישְׁט גֶעזוּנְט לֹא עָלֵינוּ, און די דָאקְטוֹירִים זֶענֶען זִיךְ שׁוֹין מְיַיאֵשׁ פוּן זַיין לֶעבְּן חַס וְשָׁלוֹם, און זָאגְן אַז עֶר הָאט שׁוֹין נִישְׁט קַיין הָאפֶענוּנְג צוּ לֶעבְּן לֹא עָלֵינוּ; וָואס וֶועט עֶר דֶען נִישְׁט טוּן פַאר זַיין לֶעבְּן און פַאר זַיין גֶעזוּנְט? עֶר וֶועט נָאךְ זוּכְן גוּטֶע שְׁפִּיטֶעלֶער, עֶר וֶועט אַרוּם רֵייזְן פוּן אֵיין עֶק וֶועלְט צוּ די אַנְדֶערֶע, אֶפְשָׁר וֶועט עֶר פָּארְט גֶעפוּנֶען אַ גְרוֹיסְן דָאקְטֶער וָואס וֶועט הָאבְּן אַ רְפוּאָה פַאר אִים.

אַזוֹי אוֹיךְ אוֹיב חַס וְשָׁלוֹם עֶס פַּאסִירְט אַמָאל אַז אַ קִינְד אִין שְׁטוּבּ וֶוערְט אָנְגֶעשְׁטֶעקְט מִיט אַ שְׁוֶועֶרֶע אוּמְהֵיילְבַּארֶע מַחֲלָה רַחֲמָנָא לִיצְלָן. וָואס וָואלְט אִיר דֶען נִישְׁט גֶעטוּן צוּ רַאטֶעוֶועןְ אַייךְ אַלֵיין אָדֶער אֵייעֶר טֵייעֶרֶע קִינְדֶערְלֶעךְ שֶׁיִחְיוּ? וָואס אִין דֶער וֶועלְט וָואלְט אִיר דֶען נִישְׁט מַפְקִיר גֶעוֶוען פַאר זֵייעֶרְט וֶועגְן? אִיר וָואלְט דָאךְ דֶעמָאלְטְס צוּגֶעאַיילְט אֵייעֶרֶע מֶענֶער, אוּן אִיר וָואלְט זֵיי אַפִילוּ אַרוֹיסְגֶעטְרִיבְּן פוּן שְׁטוּבּ, זֵיי זָאלְן לוֹיפְן צוּם גְרֶעסְטְן דָאקְטֶער, אַפִילוּ עֶר גֶעפוּנְט זִיךְ אִין יֶענֶעם עֶק וֶועלְט, וַוייל אֶפְשֶׁר וֶועט יֶענֶער זַיין דֶער גוּטֶער שָׁלִיחַ אוֹיסְצוּהֵיילְן אֵייעֶר קִינְד; אִיר וָואלְט אִים אַיינְגֶעפַּאקְט דִי וֶועשׁ, אוּן אָנְגֶעגְרֵייט עֶפֶּעס "צֵידָה לַדֶרֶךְ". בִּקִיצוּר אִיר וָואלְט אַלֶעס מַפְקִיר גֶעוֶוען, אַבִּי צוּ הָאבְּן אַ רְפוּאָה שְׁלֵימָה.

יֶעצְט לָאמִיר אַרַיינְטְרַאכְטְן: אִין דֶעם טָאג "ראֹשׁ הַשָּׁנָה" וֶוען דִי סִפְרֵי חַיִים אוּן דִי סִפְרֵי מֵתִים זֶענֶען אָפְן פַארְן אֵייבֶּערְשְׁטְן, יֶעדֶער מֶענְטְשׁ וֶוערְט גֶעמִשְׁפָּט. וֶוער וֵוייסְט וָואס פַאר אַ גְזֵירוֹת עֶס וַוארְט אִין דֶעם קוּמֶענְדִיגְן

יָאר. צִי חַס וְשָׁלוֹם אַ מִיתָה מְשׁוּנָה, צִי חַס וְשָׁלוֹם מַחֲלוֹת, אָדֶער חַס וְשָׁלוֹם אָרֶעמְקֵייט אוּן חוֹבוֹת, צוּ אַנְדֶערֶע בִּיטֶערֶע אָנְשִׁיקֶענִישְׁן; מִיר דַארְפְן הָאבְּן אַ גְרוֹיסְן מֵלִיץ יוֹשֶׁר, אַ גְרוֹיסֶער אַדְוָואקַאט, וָואס זָאל אוּנְז קֶענֶען הֶעלְפְן. דֶער גְרוֹיסֶער אַדְוָואקַאט אִיז דֶער צַדִיק הַדוֹר. אוּן דֶערִיבֶּער פִּירְט מֶען זִיךְ צוּ פָארְן צוּ צַדִיקִים אוֹיף ראֹשׁ הַשָּׁנָה, וַוייל דָאס אִיז דֶער עִיקָר עֲבוֹדָה פוּן דִי גְרוֹיסֶע צַדִיקִים אִין ראֹשׁ הַשָּׁנָה מְלַמֵד זְכוּת צוּ זַיין אוּן בֶּעטְן פוּן אֵייבֶּערְשְׁטְן עֶס זָאל אַרָאפְּגֶענוּמֶען וֶוערְן אַלֶע שְׁלֶעכְטֶע גְזֵירוֹת פוּן אַלֶע וָואס עֶס קוּמֶען צוּ זֵיי, אוּן ווִיבַּאלְד זֵיי קֶענֶען עוֹסֵק זַיין אִין דִי תִּיקוּנִים פוּן הַמְתָּקוֹת הַדִינִים בְּתַּכְלִית הַשְׁלֵימוּת דֶערִיבֶּער דַארְף מֶען פָארְן צוּ זֵיי אוֹיף ראֹשׁ הַשָּׁנָה, (זֶע לִיקוּטֵי הַלָכוֹת הִלְכוֹת תְּפִלַּת הַמִנְחָה הַלָכָה ו׳ אוֹת ז׳).

דֶערִיבֶּער טֵייעֶרֶע אִידִישֶׁע פְרוֹיעֶן! שְׁטֶערְט נִישְׁט אֵייעֶרֶע מֶענֶער צוּ פָארְן צוּ אֶמֶתְ׳ע צַדִיקִים אוֹיף ראֹשׁ הַשָּׁנָה, אַפִילוּ עֶס קוּמְט אַייךְ אָן זֵייעֶר שְׁוֶוער

אִיבֶּערְצוּבְּלַייבְּן אַלֵיין אִין שְׁטוּבּ מִיט דִי קִינְדֶער שֶׁיִּחְיוּ, וַוייל אִיר דַארְפְט אוֹיךְ גוּט גֶעדֶענְקֶען אַז אִיר אַלֵיין וֵוייסְט נִישְׁט וָואס עֶס וֶועט נִגְזָר וֶוערְן הֵיי יָאר אוֹיף אַייךְ, אוּן דֶערְפַאר דַארְפְט אִיר זִיךְ מִשְׁתַּדֵל זַיין מִיט אַלֶע אוֹפַנִים שֶׁבָּעוֹלָם אַז אֵייעֶרֶע מֶענֶער זָאלְן פָאְרן אוֹיף רֹאשׁ הַשָּׁנָה. וַוייל אִיר דַארְפְט וִויסְן, אַז דָאס חַשִׁיבוּת פוּן אַזַא אֵיינֶעם וָואס פָארְט צוּ צַדִּיקִים אוֹיף "רֹאשׁ הַשָּׁנָה" אִיז נִישְׁט אָפְּצוּשַׁאצְן, וֵוייל דִי צַדִּיקִים נֶעמֶען אַרָאפּ דִי גְזֵירוֹת פוּן דִי וָואס קוּמֶען צוּ זֵיי, אוּן אַפִילוּ דֶער מַצָּב אִיז שׁוֹין אִינְגַאנְצְן פַארְלוֹירְן חַס וְשָׁלוֹם, אִיז אָבֶּער אִין דִי כֹּחַ פוּן גְרוֹיסֶע צַדִּיקִים נָאךְ צוּ זוּכְן דִי פַארְלוֹירֶענֶע זְכוּתִים, אוּן עֶס צוּרִיק קֶערְן צוּם בַּעַל הַבַּיִת (זֶע לִיקוּטֵי הֲלָכוֹת הִלְכוֹת בִּרְכַּת הַפֵּירוֹת הֲלָכָה ה אוֹת א׳).

דֶערִיבֶּער הַאלְטְס נִישְׁט צוּרִיק אֵייעֶרֶע מֶענֶער פוּן צוּ פָארְן צוּ זֵייעֶר רֶבִּי׳ן; נָאר פוּנְקְט פַארְקֶערְט אִיר זָאלְט אִים נָאךְ הֶעלְפְן אַיינְצוּפַּאקְן זַיינֶע קְלֵיידֶער אוּן צֵידָה לַדֶרֶךְ, כְּדֵי עֶר זָאל קֶענֶען פָארְן צוּ דִי גְרוֹיסֶע צַדִּיקִים אוֹיף רֹאשׁ הַשָּׁנָה רוּהִיגֶערְהֵייט, וַוייל זֵיי קֶענֶען נֶעמֶען אַלֶע

שְׁלֶעכְטֶע גְזֵירוֹת וָואס עֶס אִיז אוֹיף אֵייךְ נִגְזָר גֶעוָוארְן חַס וְשָׁלוֹם, אוּן עֶס אִיבֶּערְדְרֵייעֶן צוּם גוּטְן. אִיר זָאלְט פַאְרשְׁרִיבְּן וֶוערְן אִין סֵפֶר פוּן לֶעבְּן, מִיט פַּרְנָסָה אוּן גֶעזוּנְט.

דֶערְפַאר, טֵייעֶרֶע אִידִישֶׁע פְרוֹיעֶן, אִיר מוּזְט גוּט גוּט אַרַיין טְרַאכְטְן: צִי וֵויסְט אִיר דֶען וָואס עֶס וַוארְט אִינֶעם נֵייעֶם יָאר אוֹיף אֵייעֶרֶע מֶענֶער, אוֹיף אַייךְ אַלֵיין, אָדֶער אוֹיף אֵייעֶרֶע קִינְדֶער? אוּן דַוְקָא אוֹיב אֵייעֶרֶע מֶענֶער וֶועלְן זוֹכֶה זַיין צוּ פָארְן צוּ צַדִיקִים אוֹיף רֹאש הַשָׁנָה וֶועלְן זֵיי זִיכֶער מְבַטֵל זַיין אוּן צֶערַייסְן אַלֶע גְזֵירוֹת, אוּן אַלֶעס אִיבֶּערְדְרֵייעֶן צוּ גוּטְס.

דֶערִיבֶּער זָאלְט אִיר זִיךְ נִישְׁט קְרִיגְן אוּן נִישְׁט דֶערְבִּיטֶערְן דָאס לֶעבְּן פוּן אֵייעֶרֶע מֶענֶער "אַזַאנְס? פַארְוָואס לָאזְן זֵיי אוּנְז אִיבֶּער אַלֵיין צֶעזַאמֶען מִיט דִי קִינְדֶער אִין שְׁטוּב אוֹיף רֹאש הַשָׁנָה?!", אִיר דַארְפְט אָנְהֵייבְּן צוּ קוּקְן אוֹיפְן גוּטְן חֵלֶק פוּן דֶער נְסִיעָה, אַז זֵיי

פָארְן צוּ גְרוֹיסֶע צַדִיקִים וָואס וֶועלְן מַמְתִּיק זַיין אַלֶע שְׁלֶעכְטְס פוּן אַייךְ אוּן פוּן אֵייעֶרֶע קִינְדֶער. אִיר דַארְפְט זִיךְ זֵייעֶר שְׁטַארְק פְרֵייעֶן אַז אֵייעֶרֶע מֶענֶער פָארְן צוּ צַדִיקִים אוֹיף ראֹשׁ הַשָּׁנָה. אִיר דַארְפְט זֵיי זֵייעֶר שֶׁעצְן אוּן טֵייעֶר הַאלְטְן פַאר דֶעם. שִׁיקְט מִיט קְוִויטְלֶעךְ אוּן פִּדְיוֹנוֹת מִיט זֵיי, זֵיי זָאלְן מַזְכִּיר זַיין אֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן אוּן גוּטֶע פְרַיינְט פַאר דִי צַדִיקִים אַז זֵיי זָאלְן אוֹיךְ גֶעדֶענְקְט וֶוערְן צוּם גוּטְן.

## ב.

טֵייעֶרֶע אִידִישֶׁע פְרוֹיעֶן שֶׁיִחְיוּ!

דִי אַלֶע אוֹיבְּנְדֶערְמַאנְטֶע וֶוערְטֶער אִיז גֶעזָאגְט גֶעוָוארְן אוֹיף יֶעדְן אֶמֶתְ׳ן צַדִיק, וָואס עֶר אִיז דָבוּק צוּם אֵייבֶּערְשְׁטְן, אַז וֶוען אֵייעֶרֶע מֶענֶער וֶועלְן פָארְן צוּ זֵיי, זָאלְט אִיר זֵיי נִישְׁט אָפְּהַאלְטְן, וַוייל דֶער עִיקָר הַמְתָּקַת הַדִין אִיז דַוְוקָא דוּרְכְן צַדִיק (זֶע לִיקוּטֵי הַלָכוֹת הִלְכוֹת חֶזְקַת מִטַלְטַלִין הַלָכָה ה אוֹת י״ח).

אָבֶּער עֶס אִיז אַסַאךְ מֶער אוֹיב אֵייעֶרֶע מֶענֶער הָאבְּן

זוֹכֶה גֶעוֶוען צוּ זַיין פוּן דִי "בְּרֶסְלֶבֶער חֲסִידִים", וָואס וִוי בַּאקַאנְט הָאט דֶער גְרוֹיסֶער הֵיילִיגֶער צַדִיק, רַבִּי נַחְמָן פוּן בְּרֶסְלֶב זְכוּתוֹ יָגֵן עָלֵינוּ גֶעזָאגְט: "מַיין גַאנְצֶער עִנְיָן אִיז ראֹשׁ הַשָּׁנָה" אוֹיךְ הָאט עֶר גֶעזָאגְט: "מַיין ראֹשׁ הַשָּׁנָה אִיז אַ גְרוֹיסֶער חִידוּשׁ, דֶער אֵייבִּירְשְׁטֶער וֵוייסְט אַז אִיךְ הָאבּ דָאס נִישְׁט בִּירוּשָּׁה פוּן מַיינֶע עֶלְטֶערְן (וָואס זֶענֶען גֶעוֶוען זֵייעֶר גְרוֹיסֶע צַדִיקִים) נָאר דֶער אֵייבִּירְשְׁטֶער הָאט דָאס מִיר גֶעגֶעבְּן בְּמַתָּנָה, אַז אִיךְ וֵוייס וָואס עֶס מֵיינְט ראֹשׁ הַשָּׁנָה. דָאס אִיז זִיכֶער אַז אִיר אַלֶע (דָאס הֵייסְט דִי תַּלְמִידִים אוּן חֲסִידִים) זֶענְט אַוַודַאי תָּלוּי אִין מַיין ראֹשׁ הַשָּׁנָה, אָבֶּער אַפִילוּ דִי גַאנְצֶע וֶועלְט אִיז גֶעוָואנְדְן אִין מַיין ראֹשׁ הַשָּׁנָה (חַיֵי מוֹהֲרַ"ן סִימָן ת"ה).

אוֹיךְ הָאט עֶר בַּיי אַן אַנְדֶערְן גֶעלֶעגֶענְהֵייט גֶעזָאגְט: "אַפִילוּ אוֹיבּ אַ גַאנְץ יָאר קֶען מֶען נִישְׁט בַּאקוּמֶען אַ תִּקוּן, אוּן אַפִילוּ אִיךְ אַלֵיין קֶען אִים בְּשׁוּם אוֹפְן נִישְׁט מְתַקֵן זַיין, אָבֶּער אוֹיבּ מֶען קוּמְט צוּ מִיר אוֹיף ראֹשׁ הַשָּׁנָה קֶען אִיךְ זֵיי אוֹיךְ מְתַקֵן זַיין, וַוייל אִין ראֹשׁ הַשָּׁנָה קֶען אִיךְ

מַאכְן גְרוֹיסֶע תִיקוּנִים וָואס אַ גַאנְץ יָאר קֶען אִיךְ נִישְׁט".

טְרַאכְט אַרַיין אִין דִי וֶוערְטֶער: דֶער גְרוֹיסֶער הֵיילִיגֶער צַדִיק, רַבִּי נַחְמָן פוּן בְּרֶסְלֶב זְכוּתוֹ יָגֵן עָלֵינוּ, וָואס וִוי בַּאקַאנְט הָאט עֶר זַיין גַאנְץ לֶעבְּן זִיךְ מוֹסֵר נֶפֶשׁ גֶעוֶוען כְּדֵי מְתַקֵן צוּ זַיין אִידִישֶׁע נְשָׁמוֹת, עֶר הָאט אוֹיסְגֶעלֶערֶענְט אַז "מֶען טָאר זִיךְ נִישְׁט מְיַיאֵשׁ זַיין", "קַיין יִאוּשׁ אִיז נִישְׁט פַארְהַאנֶען", (זֶע לִיקוּטֵי מוֹהֲרַ"ן חֵלֶק ב' סִימָן ע"ח). אוּן דָאךְ זֶענֶען דָא מֶענְטְשְׁן וָואס זֶענֶען אַרַיינְגֶעפַאלְן אִין שְׁאוֹל תַּחְתִּית אוּן נָאךְ וַוייטֶער רַחְמָנָא לִיצְלָן, וָואס אַפִּילוּ דֶער צַדִיק רַבִּי נַחְמָן זְכוּתוֹ יָגֵן עָלֵינוּ קֶען זֵיי נִישְׁט מְתַקֵן זַיין אַ גַאנְץ יָאר; וָואס פַארְשְׁטֵייט זִיךְ אַז דָאס מוּז זַיין גָאר אַ פַארְבְּלָאנְזְשְׁטֶע נְשָׁמָה, אָבֶּער דוּרְךְ ראֹש הַשָּׁנָה הָאבְּן זֵיי אוֹיךְ אַ תִּיקוּן.

דֶערִיבֶּער טַייעֶרֶע חָשׁוּבֶ'ע פְּרוֹיעֶן שֶׁיִחְיוּ, אִיר דַארְפְט טְרַאכְטְן: ווָאוּ טְרֶעפְט מֶען אִין דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט אַזַא צַדִיק וָואס הָאט צוּגֶעזָאגְט אַזַא גֶעוַואלְדִיגֶע הַבְטָחָה, אַז וֶוער עֶס וֶועט קוּמֶען צוּ אִים קַיין אוּמַאן אוֹיף ראֹש הַשָּׁנָה

און װעט בּעטן און מִתְפַּלֵל זַיין, דער װעט נישט צוריק קומען פון דארט לײדיגערהײט, עס װעט נשפּע װערן פאר אים ישועות רחמים וחסדים, רפואות און פרנסה. אויך האט ער געזאגט, "מיין ראש השנה איז העכער פון אלעס", "איך וואונדער מיר זייער, וויבאלד מיינע חסידים גלייבן דאך אין מיר, פארוואזשע זאלן זיי זיך נישט צואיילן צו קומען צו מיר...? קיינער טאר נישט פעלן... מען דארף אויסרופן פאר יעדן, אז ווער עס וויל מיך צוהערן זאל זיין ביי מיר אויף ראש השנה... ווער עס איז זוכה צו זיין ביי מיר, דארף זיך זייער פרייען..."

דעריבער טייערע חשובע פרוי שיחיו! עס איז נישט כדאי אז איר זאלט דערביטערן דאס לעבן פון אייער מאן װעגן אפאר טאג װאס ער פארט אװעק. צי װייסט איר דען װאס עס װארט אייך אינעם נייעם יאר - פאר אייך; פאר אייערע קינדער; פאר אייער מאן? קען מען דען טרעפן אין דער װעלט אזא צדיק װי רבי נחמן פון ברסלב זכותו יגן עלינו, װאס ער האט צוגעזאגט פאר צװיי פון

זַיינֶע בַּאגְלֵייבְּטֶע תַּלְמִידִים אַז וֶוער עֶס וֶועט קוּמֶען קַיין אוּמַאן צוּ זַיין הֵיילִיגְן צִיוּן, אוּן דָארְט זָאגְן דִי צֶען קַאפִּיטְלֶעךְ תְּהִלִים (דִי "תִּקוּן הַכְּלָלִי"), דַאן אַפִּילוּ עֶר הָאט שׁוֹין אָפְּגֶעטוּן גְרוֹיסֶע עֲבֵירוֹת רַחְמָנָא לִיצְלָן, וֶועט עֶר זִיךְ לֵייגְן אִין דֶער לֶענְג אוּן אִין דֶער בְּרֵייט אִים אַ טוֹבָה צוּ טוּן. – וואוּ אִיז נָאךְ דָא אַ צַדִיק מִיט אַזַא מוֹרֶא'דִיגֶע הַבְטָחָה?

אִיךְ וֵוייס אַז עֶס זֶענֶען דָא מֶענְטְשְׁן וָואס לַאכְן אוּן גְלֵייבְן נִישְׁט אִין דִי וֶוערְטֶער. אָבֶּער טֵייעֶרֶע אִידִישֶׁע פְּרוֹיעֶן שֶׁיִחְיוּ! וֶוען אִיר זָאלְט גוּט אַרַיין טְרַאכְטְן אוּן אֶמֶת'דִיג גְלֵייבְן אִין דֶער יוֹשֶׁר'דִיגֶער מִשְׁפָּט וָואס דֶער אֵייבִּישְׁטֶער מִשְׁפָּט יֶעדְן מֶענְטְשׁ מִיט זַיינֶע אַלֶע מַעֲשִׂים אוּן מַחֲשָׁבוֹת, וָואלְט אִיר אוֹיךְ מוֹדֶה גֶעוֶוען אַז עֶס אִיז אַוַודְאַי כְּדַאי צוּ פָּארְן צוּם הֵיילִיגְן צִיוּן, אוּן זוֹכֶה זַיין מְקַיֵים צוּ זֵיין וָואס עֶר הָאט גֶעזָאגְט.

שְׁטֶעלְט אַייךְ פָּאר פוּנֶעם גַשְׁמִיוּת'דִיגְן שְׁטַאנְדפּוּנְקְט: אוֹיבּ עֶס וַוארְט אוֹיף אַייךְ אַ שְׁוֶוערֶער גֶערִיכְט. עֶס

דְרָאעֶט תְּפִיסָה, טוֹיט-שְׁטְרָאף, אָדֶער פַּיינוּגוּנְגֶען, אוּן דָאס גְלַייכְן, וָואלְט אִיר דָאךְ אוֹיסְגֶעגֶעבְּן דִי וֶועלְטְס גֶעלְט אִיר זָאלְט הָאבְּן דֶעם בֶּעסְטְן לָאיֶער וָואס זָאל זִיךְ אָנְנֶעמֶען פַאר אַייךְ בַּיים גֶערִיכְט, וֶוער עֶס זָאל זָאגְן פַּאר אַייךְ אַ גוּט וָוארְט בַּיים גֶערִיכְט. אִיר וָואלְט דַאן נִישְׁט גֶעפְרֶעגְט קַיין קַשְׁיוֹת, "וִויאַזוֹי וֶועט עֶר עֶס טוּן"? "קֶען עֶר עֶס טַאקֶע; אֶפְשָׁר נִישְׁט"? אוּן נָאךְ אַזֶעלְכֶע מִינֵי קַשְׁיוֹת; נָאר אִיר וָואלְט גֶעלָאפְן צוּ אִים אוּן אִיר וָואלְט אַייךְ אַיינְגֶע'עַקְשָׁן'ט, אוּן זִיךְ אַיינְגֶעבֶּעטְן עֶר זָאל צוּנֶעמֶען אֵייעֶר בַּייטְל גֶעלְט, אַבִּי עֶר זָאל זָאגְן פַּאר אֵייךְ אַ גוּט וָוארְט.

דָאס זֶעלְבֶּע וָואלְט גֶעוֶוען אוֹיבּ אֵייעֶר מַאן, אָדֶער אִיר אַלֵיין אָדֶער אֵייעֶרֶע קִינְדֶער וֶוערְן חַס וְשָׁלוֹם נִישְׁט גֶעזוּנְט מִיט אַן עֶרְנְסְטֶע מַחְלָה רַחְמָנָא לִצְלָן, וָואלְט אִיר דָאךְ אַלֶעס גֶעטוּן אִין דֶער וֶועלְט אַבִּי אִיר זָאלְט אָנְקוּמֶען צוּם בֶּעסְטְן דָאקְטָאר. אִיר וָואלְט אִים גֶעצָאלְט גָאר אַסַאךְ גֶעלְט. אִיר וָואלְט גֶעוֵויינְט צוּ אִים מִיט טְרֶערְן עֶר זָאל

אַייך בַּאהַאנְדְלֶען דָאס עֶרְשְׁטֶע. און אוֹיבּ עֶס וָואלְט דַאן גֶעקוּמֶען צוּ אַייך אֵיינֶער און אַייך פְּרוּבִּירְט אַיינְצוּרֶעדְן אַז איר זָאלְט נִישְׁט גֵיין צוּ דֶעם גְרוֹיסְן לָאיֶער, אָדֶער צוּ דֶעם גְרוֹיסְן דָאקְטָאר, וַוייל "וָואס קֶען עֶר שׁוֹין?" וָואלְט איר אִים דַאן צוּגֶעהֶערְט? אִיר וָואלְט דָאךְ גֶעלַאכְט פוּן אִים... און אִים אָנְגֶעקוּקְט ווִי אַ נַאר! אִיז דָאךְ אַוַודַאי און אַוַודַאי אַז אוֹיבּ דֶער גְרוֹיסֶער הֵיילִיגֶער צַדִיק, רַבִּי נַחְמָן פוּן בְּרֶסְלֶב זְכוּתוֹ יָגֵן עָלֵינוּ, הָאט צוּגֶעזָאגְט - און הָאט גֶעשְׁטֶעלְט דֶערוֹיף צְוֵויי עֵדוּת - אַז וֶוער עֶס וֶועט קוּמֶען צוּ פָּארְן קַיין אוּמַאן צוּ זַיין הֵיילִיגְן צִיוּן און וֶועט זָאגְן דִי צֶען קַאפִּיטְלֶעך תְּהִלִים ("תִּיקוּן הַכְּלָלִי") וֶועט עֶר אִים אַ טוֹבָה טוּן אוֹיף יֶענֶע וֶועלְט. און וֶוער שְׁמוּעֶסְט נָאךְ וֶוען עֶר אִיז זוֹכֶה אַז עֶר קוּמְט צוּ אִים אוֹיף ראֹש הַשָּׁנָה, און עֶר בֶּעט דָארְט צוּם אֵייבֶּערְשְׁטְן מִיט תְּפִלּוֹת וְתַחֲנוּנִים, וֶועט עֶר זִיךְ נִישְׁט פוּן דָארְט אַוֶועק רִירְן בִּיז עֶר וֶועט אוֹיסְפוֹעֶלְן אַ יְשׁוּעָה און אַ רְפוּאָה שְׁלֵימָה.

דֶערִיבֶּער טַייעֶרֶע אִידִישֶׁע פְרוֹיעֶן שֶׁיִחְיוּ! הֶערְט נִישְׁט צוּ וָואס אֵייעֶרֶע שְׁכֵנִים און חַבֶרְטֶעס מַאכְן חוֹזֶק פוּן דִי

נְסִיעָה קַיין אוּמַאן. אִיר דַארְפְט אֵייךְ נִישְׁט וִויסְנְדִיג מַאכְן פוּן זֵייעֶרֶע נַארִישֶׁע וֶוערְטֶער, אִיר דַארְפְט אָפְּלַאכְן פוּן זֵיי. פַּארְקֶערְט גָאר, פְרֶעגְט זֵיי אָפֶּענֶערְהֵייט: ״וֶוען מַיין מַאן פָארְט צוּ אַ גְרוֹיסְן גֶעשֶׁעפְט פַאר פַּרְנָסָה, אָדֶער וֶוען עֶר פָארְט זִיךְ טְרֶעפְן מִיט אַ גְרוֹיסְן לָאיֶער אָדֶער דָאקְטָאר, פְּרוּבִּירְט אִיר אוֹיךְ מִיךְ אָפְּצוּרֶעדְן דֶערְפוּן?! אִיר וֵוייסְט גַאנְץ גוּט אַז בַּיי אַזַא פַאל וָואלְט אִיר מִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט אוּן מִיךְ גֶעשְׁטִיצְט!״.

וּבִפְרַט אַז מֶען רֶעדְט דָא פוּן אַ הַבְטָחָה פוּן אַזַא גְרוֹיסְן צַדִּיק! דַארְפְט אִיר אַוַודַאי אוּן אַוַודַאי צוּאֵיילְן אֵייעֶרֶע מֶענֶער אוּן מַמָּשׁ זֵיי אַרוֹיסְטְרַייבְּן פוּן שְׁטוּבּ, זֵיי זָאלְן פָארְן צוּם הֵיילִיגְן גְרוֹיסְן רֶבִּי׳ן, רַבִּי נַחְמָן פוּן בְּרֶסְלֶב זְכוּתוֹ יָגֵן עָלֵינוּ. אוּן עֶס אִיז זִיכֶער אַז אִיר וֶועט אִינֶעם נֵייעֶם יָאר זֶען אַ גְרוֹיסֶע יְשׁוּעָה, וַוייל דֶער גְרוֹיסֶער צַדִּיק רַבִּי נַחְמָן פוּן בְּרֶסְלֶב זְכוּתוֹ יָגֵן עָלֵינוּ, וֶועט אַוַודְאַי אַוֶועק נֶעמֶען פוּן אַייךְ אַלֶע צָרוֹת אוּן אוֹיסְפּוּעלְן אַ גוּט גֶעבֶּענְטְשְׁט יָאר.

## ג.

### טַייעֶרע אִידִישֶׁע פְרוֹיעֶן שֶׁיִחְיוּ!

אִיךְ וֵוייס אוּן אִיךְ פַארְשְׁטֵיי וִוי שְׁוֶוער עֶס קוּמְט אֵייךְ אָן אִיר זָאלְט אִיבֶּערְבְּלַייבְּן אַלֵיין מִיט דִי קִינְדֶערְלֶעךְ אוֹיף ראֹשׁ הַשָּׁנָה, וִוי אוֹיךְ אַז אֵייעֶר פַּרְנָסָה וָואס אִיז אַזוֹי אוֹיךְ זֵייעֶר שְׁוֶוער הַשֵּׁם יְרַחֵם, אוּן דֶערְמִיט וָואס מֶען פָּארְט צוּם הֵיילִיגְן צִיּוּן פוּן רַבִּי נַחְמָן פוּן בְּרֶסְלֶב זְכוּתוֹ יָגֵן עָלֵינוּ הֵייבְּן זִיךְ דִי חוֹבוֹת, אוּן עֶס וֶוערְט נָאךְ שְׁוֶוערֶער. אָבֶּער אִיר דַארְפְט אוֹיךְ טְרַאכְטְן, וָואס וָואלְט אִיר גֶעטָאן אוֹיב אֵייעֶר מַאן שְׁטַארְבְּט יֶעצְט, אוּן אִיר בְּלַייבְּט אִיבֶּער אַן עֶלֶנְדֶע אַלְמָנָה רַחֲמָנָא לִיצְלָן, דֶער אֵייבִּירְשְׁטֶער זָאל אוּנְז אַלֶע פַארְהִיטְן דֶערְפוּן. וִויפִיל הֵייסֶע טְרֶערְן וָואלְט אִיר פַארְגָאסְן אַז אִיר וֵוייסְט אִיר בְּלַייבְּט אִיבֶּער אַלֵיין, צֶעבְּרָאכְן וִוי אַ שַׁארְבְּן? אָפְּגֶערֶעדְט פוּן פַּרְנָסָה, וִוי אַזוֹי וָואלְט אִיר זִיךְ אַן עֵצָה גֶעגֶעבְּן מִיט דִי קִינְדֶערְלֶעךְ שֶׁיִחְיוּ? וֶוער וֶועט רַחְמָנוּת הָאבְּן אוֹיף אַייךְ?

דֶערִיבֶּער דַארְפְט אִיר זִיךְ אַלֵיין פְרֶעגְן: וָואס אִיז דֶער

גְרוֹיסֶער גֶערוּדֶער אוּן טוּמְל? פַארְוָואס דַארְפְט אִיר מַאכְן אַ מַחְלוֹקֶת אוּן קְרִיגֶערַיי מִיט אֵייעֶרֶע מֶענֶער? בְּלוֹיז וַוייל זֵיי ווִילְן פָאַרְן קַיין אוּמַאן אוֹיף ראֹשׁ הַשָּׁנָה צוּ דֶעם גְרוֹיסְן צַדִּיקְ׳ס צִיוּן? עֶר הָאט דָאךְ צוּגֶעזָאגְט אַז וֶוער עֶס וֶועט קוּמֶען צוּ זַיין הֵיילִיגְן צִיוּן וֶועט עֶר אִים אַ טוֹבָה טוּן, עֶר וֶועט נִישְׁט צוּרִיק קוּמֶען פוּן דָארְט אָן קַיין יְשׁוּעוֹת.

דֶערִיבֶּער טַייעֶרֶע אִידִישֶׁע פְרוֹיעֶן שֶׁיִחְיוּ! זַייטְס נִישְׁט מְקַבֵּל קַיין לָשׁוֹן הָרַע, רְכִילוּת, לֵיצָנוּת פוּן אֵייעֶר שְׁכֵנִים אוּן חַבֶרְטֶ׳עס, אוֹיף רַבִּי נַחְמָן פוּן בְּרֶסְלֶב זְכוּתוֹ יָגֵן עָלֵינוּ, אוּן אוֹיף זַיינֶע אֶמֶתְ׳דִיגֶע תַּלְמִידִים. וּמִכָּל שֶׁכֵּן אוֹיבּ זֵיי רֶעדְן אוֹיף דִי וָואס פָארְן קַיין אוּמַאן אוֹיף ראֹשׁ הַשָּׁנָה.

וָואס וֶועט אִיר הָאבְּן דֶערְפוּן אַז אִיר וֶועט אָנְנֶעמֶען זֵייעֶרֶע לוּפְטִיגֶע וֶוערְטֶער? פַארְוָואס דַארְפְט אִיר זֵיי צוּהֶערְן? עֶס וֶועט אַייךְ אַסַאךְ בֶּעסֶער זַיין אוֹיבּ אִיר וֶועט שָׁלוֹם מַאכְן מִיט אֵייעֶרֶע מֶענֶער אוּן אִיר וֶועט זֵיי מְחַזֵק

זַיין אַז זֵיי זָאלְן זִיךְ שְׁטַארְקְן, אוּן פָארְן פְרֵיילִיכֶערְהֵייט אוּן אוֹיפְגֶעלֶעבְּט, צוּם הֵיילִיג צִיוּן פוּן רַבִּי נַחְמָן פוּן בְּרֶסְלֶב זְכוּתוֹ יָגֵן עָלֵינוּ. זֵיי זָאלְן צוּרִיק בְּרֶענְגֶען פוּן דָארְט, יְשׁוּעוֹת אוּן רְפוּאוֹת אוֹיף אַ גַאנְץ יָאר.

גֶעדֶענְקְט! דֶער הֵיילִיגֶער צַדִיק וֶועט זַיין פַאר אַייךְ אַ מֵלִיץ יוֹשֶׁר בַּיים בֵּית דִין שֶׁל מַעֲלָה, אוּן אִיר וֶועט פַארְשְׁרִיבְּן וֶוערְן בְּסִפְרָן שֶׁל צַדִיקִים גְמוּרִים. צוּם לֶעבְּן, צוּ פַּרְנָסָה, אוּן אַרִיכוּת יָמִים וְשָׁנִים טוֹבוֹת. פַאר אַייךְ, פַאר אֵייעֶרֶע קִינְדֶער אוּן אֵייעֶרֶע מֶענֶער. אִיר וֶועט דֶערְפַאר זַיין אָפְּגֶעהִיטְן אַ גַאנְץ יָאר פוּן שְׁלֶעכְטֶס, עֶס וֶועט נִישְׁט שָׁאטְן אוֹיף אַייךְ קַיין עַיִן הָרַע, קַיין שׁוּם שָׁאדֶענְס אוּן קְרַאנְקְהֵייטְן רַחְמָנָא לִיצְלָן, קַיין שׁוּם בַּאשֶׁעפֶענִישׁ וֶועט אַייךְ נִישְׁט קֶענֶען שָׁאדְן מַאכְן.

הֶערְט אַייךְ נִישְׁט צוּ צוּ דִי הֶעצֶער וָואס רֶעדְן שְׁלֶעכְטְס אוֹיף דִי הֵיילִיגֶע נְסִיעָה צוּם צִיוּן פוּן רַבִּי נַחְמָן פוּן בְּרֶסְלֶב זְכוּתוֹ יָגֵן עָלֵינוּ. פוּנְקְט פַארְקֶערְט! הֶעלְפְט אַרוֹיס אֵייעֶרֶע מֶענֶער זֵיי זָאלְן פָארְן גֶעזוּנְטֶערְהֵייט. פַאקְט פַאר זֵיי אַיין

זֵייעֶרֶע גֶעבְּרוֹיכְן אוּן פֶּעקְלֶעךְ, גִיט זֵיי מִיט "צֵדָה לַדֶרֶךְ", שְׁטַארְקְט זֵיי מִיט גוּטֶע וֶוערְטֶער "פְרֵיי דִיךְ אוֹיף דִי גְרוֹיסֶע זְכִיָה וָואס דוּ הָאסְט אַז דוּ קֶענְסְט פָאָרְן צוּם הֵיילִיגְן צִיוּן פוּן אַזַא גְרוֹיסְן צַדִיק!", אוּן גְלַייכְצֵייטִיג קֶענְט אִיר זֵיי אוֹיךְ בֶּעטְן זֵיי זָאלְן נִישְׁט דָארְט פַארְבְּרֶענְגֶען דִי טֵייעֶרֶע צַייט מִיט גָארְנִישְׁט, נָאר אוֹיסְנוּצְן יֶעדֶע מִינוּט. פַארְלַאנְגְט פוּן אֵייעֶרֶע מֶענֶער זֵיי זָאלְן זִיךְ נִישְׁט דָארְט אַרוּם דְרֵייעֶן מִיט בַּעֲלֵי לָשׁוֹן הָרַע, לֵצִים, אוּן בַּעֲלֵי מַחְלוֹקֶת, זֵיי זָאלְן נִישְׁט רֶעדְן קַיין דְבָרִים בְּטֵלִים, נָאר יֶעדֶע לֵיידִיגֶע מִינוּט זָאלְן זֵיי לוֹיפְן צוּם צִיוּן פוּן רַבִּי נַחְמָן פוּן בְּרֶסְלֶב זְכוּתוֹ יָגֵן עָלֵינוּ, צוּ בֶּעטְן פַאר זִיךְ, פַאר אַייךְ, פַאר אֵייעֶרֶע קִינְדֶערְלֶעךְ שְׁיִחְיוּ, פַאר אֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן, אוּן פַאר גַאנְץ כְּלַל יִשְׂרָאֵל.

וַוייל אוֹיב מֶען הָאט שׁוֹין יָא דוּרְךְ גֶעבְּרָאכְן דִי אַלֶע שְׁוֶועריִקֵייטְן אוּן שְׁטֵיינֶער, מֶען צָאלְט שׁוֹין יָא אַזוֹיפִיל גֶעלְט פַאר דִי נְסִיעָה, אִיז אַ שָׁאד צוּ פַארְבְּרֶענְגֶען דָארְט מִיט נַארִישְׁקֵייטְן, צוּ פְּלוֹידֶערְן דְבָרִים בְּטֵלִים, לָשׁוֹן הָרַע

און רְכִילוּת, רַחְמָנָא לִישֵׁזְבָן. אַדְרַבֶּה! אוֹיבּ אוֹיף אַזַא הֵיילִיג פְּלַאץ קֶען זִיךְ דֶער סַמֶ״ךְ מֶ״ם פַארְלֵייגְן צוּ צֶעמִישְׁן דֶעם מֶענְטְשְׁנְ׳ס שֵׂכֶל מִיט חֲלִישׁוּת הַדַעַת, שְׁטוּתִים און דִמְיוֹנוֹת, דַארְפְן מֶען זִיךְ נָאךְ מֶער שְׁטַארְקְן, צוּ זַיין פַארְנוּמֶען נָאר מִיט תּוֹרָה, תְּפִלָּה און הִתְבּוֹדְדוּת, און גְלוּסְטְן זֵייעֶר שְׁטַארְק צוּם אֵייבֶּערְשְׁטְן.

טֵייעֶרֶע אִידִישֶׁע פְרוֹיעֶן שֶׁיִחְיוּ! בֶּעטְס אֵייעֶרֶע מֶענֶער, זֵיי זָאלְן אַייךְ צוּזָאגְן אַז וְויבַּאלְד אִיר הָאט אַלֶעס מַפְקִיר גֶעוֶוען, און אִיר זֶענְט מַסְכִּים זֵיי זָאלְן פָארְן צוּם הֵיילִיגְן צִיוּן פוּן רַבִּי נַחְמָן פוּן בְּרֶסְלֶב זְכוּתוֹ יָגֵן עָלֵינוּ, אַז זֵיי זָאלְן זִיךְ נִישְׁט מִישְׁן אִין קַיין שׁוּם מַחְלוֹקֶת, פָּאלִיטִיק, לִצָנוּת, און דְבָרִים בְּטֵלִים. נָאר זֵיי זָאלְן שְׁטֶענְדִיג זִיצְן בַּיים הֵיילִיגְן צִיוּן, און זִיךְ אוֹיסְבֶּעטְן פוּן אֵייבֶּערְשְׁטְן אַ גוּט יָאר, אַ זִיס יָאר. און דֶעמָאלְטְס קֶענְט אִיר זִיכֶער זַיין אַז אֵייעֶרֶע מֶענֶער וֶועלְן צוּרִיק קוּמֶען מִיט אַ כְּתִיבָה וַחֲתִימָה טוֹבָה, אַ יָאר פוּן פַּרְנָסָה בְּשֶׁפַע, אִיר וֶועט קֶענֶען בַּאצָאלְן אַלֶע אֵייעֶרֶע חוֹבוֹת, און אִיר וֶועט נָאךְ קֶענֶען קוֹיפְן אַלֶעס וָואס אִיר ווילְט בְּשֶׁפַע רַב, און אִיר וֶועט הָאבְּן אַ גֶעזוּנְט

אַ גְלִיקְלִיךְ אַ גֶעבֶּענְטְשְׁט און אַ גֶעזוּנְט יָאר, אִיר זָאלְט וֶוערְן פַּארְשְׁרִיבְּן צוּ אַרִיכוּת יָמִים וְשָׁנִים, אָמֵן כֵּן יְהִי רָצוֹן.

**~תַּם וְנִשְׁלַם שֶׁבַח לָאֵל בּוֹרֵא עוֹלָם~**

# הספר הקדוש הזה

נדפס לטובת נשמת בעל מחבר
של הספר הזה מאור עינינו,
חיות נפשינו, עטרת ראשינו, כבוד
קדושת מרן הגה"ק רבי

# אליעזר שלמה

בן רבי

# מנחם זאב

זצוקללה"ה
נלב"ע י"ד שבט תשע"ה

**ת.נ.צ.ב.ה.**